# שלום עליכם




אילוסטרירט פון
נאָטע קאָזלאָווסקי

פאַרלאַג קינדעררינג
ביי דעם
בילדונגס־קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק

קינדעררינג־ביבליאָטעק

# דאָס מעסערל פון שלום עליכם

געקירצט און מיט פאַרטייטשונגען צום סוף פון
יעדער קאַפּיטל.



אויפגעזעצט און געדרוקט אין דער פוטוראַ דרוקעריי
 200
476 Broadway, N. Y. C.

## א



ערט, יידישע קינדער, איך וויל איך דערציילן א מעשה מיט אַ מעסערל; נישט קיין אויס־געטראַכטע מעשה, נאָר אַן אמתע, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט מיר טאַקע אַליין.

צו קיין זאַך אויף דער וועלט האָב איך אַזוי קיין חשק געהאַט ווי צו אַ מעסערל. קיין זאַך אויף דער וועלט האָב איך אַזוי ניט געגאַרט צו האָבן ווי צו האָבן אַ מעסערל, אַן אייגן מעסערל. דאָס מע־סערל זאָל זיך ליגן אין קעשענע, און ווען איך וויל זאָל איך דאָס מיר אַרויסנעמען, און וואָס איך וויל זאָל דאָס מיר שניידן — און לאָזן מיינע חברים וויסן!

איך האָב נאָר וואָס אָנגעהויבן גיין אין חדר, האָב איך שוין געהאַט אַ מעסערל, דאָס הייסט כמעט ווי אַ מעסערל. איך האָב דאָס מיר טאַקע אַליין געמאַכט!

איך האָב אויסגעריסן אַ געגדזענע פעדער פון אַ פלעדערוויש, פון איין זייט אָפּגעהאַקט, פון דער אַנ־דערער זייט אויסגעגלעט און האָב מיר פאַרגעשטעלט, עלעהיי עס איז אַ מעסערל און סע שניידט...

— „וואָס איז דאָס פאַר אַ פעדער? וואָס איז דאָס פאַר אַרומטראָגן זיך מיט פעדערן?“ — פרעגט מיך דער טאַטע, אַ קראַנקער ייד מיט אַ געל אויסגעטריקנט

פנים, און פאַרהוסט זיך. — „נאַ דיר נאָר פּעדערן, שפּילעכלעך — קהע, הע־הע־הע!"

— „וואָס אַרט דיך, אַז דאָס קינד שפּילט זיך?" — ענטפערט אים די מאַמע, אַ נידעריטשקע יידענע מיט אַ זיידן טיכל אויפן קאָפּ. — „אַבי אויסעסן זיך דאָס האַרץ!"

שפּעטער, אַז איך האָב שוין געהאַלטן ביי חומש, האָב איך שוין געהאַט כמעט אַן אמתדיק מעסערל, אויך מיין אייגענע מלאכה:

איך האָב דערטאַפּט אַ שטיקל שטאָל פון דער מאַמעס „קרינעלינע" און האָב דאָס איינגעזעצט זייער קונציק אין אַ שטיקל האָלץ. דאָס שטיקל שטאָל האָב איך רעכט אָנגעשאַרפט אָן אַ טאָפּ און האָב זיך דערביי, געוויינטלעך, צעשניטן אַלע פינגער.

— „זע נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס אַ ביסל צעבלוטיקט, דער קדיש דיינער!" — שרייט דער טאַטע און נעמט מיך אָן ביי די פינגער אַז דיביינדלעך קנאַקן: „אַ שיינער בחור, קהע, הע־הע!"

— „אוי, אַ דונער איז מיר!" — זאָגט די מאַמע און נעמט צו ביי מיר דאָס מעסערל און וואַרפט דאָס אַריין אין אויוון אַריין, קוקט נישט אויף מיין געוויין: — „אַצינד וועט דאָס האָבן אַן עק, ווי איז מיר ניט!"

איך האָב אָבער ניך באַקומען אַן אַנדער מעסערל, טאַקע אויף דער רעכטער אמת אַ מעסערל. אַ הילצערן קלעצל, אַ קײלעכיקס, אַ בײכיקס, ענלעך אויף אַ פּעסל, מיט אַ הויקערדיקן קלינגל, וואָס האָט זיך אײַנגעפּנט אײַ פאַרמאַכט.

איר ווילט וויסן ווי אַזוי איך האָב דאָס באַקומען? איך האָב מיר צונויפגעשלאָגן אַ קאַפּיטאַל פון די אָנבײַסנס, און האָב אָפּגעקויפט בײַ שלמהלען פאַר זיבן גראָשן מזומן, און דרײַ בין איך אים געבליבן שולדיק.

אוי, האָב איך דאָס ליב געהאַט! אוי, האָב איך דאָס ליב געהאַט!

געקומען אַהײם פונעם חדר אַ דערהרגעטער, אַ הונגעריקער, אַ שלעפעריקער, אַן אויסגעפּאַטשטער, — איז דאָס ערשטע געווען אַרויסנעמען דאָס מעסערל פון דער שוואַרצער שאַפע. דאָרט איז עס געלעגן אַ גאַנצן טאָג, ווײַל אין חדר האָב איך עס ניט געטאָרט האַלטן און אין דער הײם האָט אַוודאי קײנער ניט געטאָרט וויסן, אַז איך האָב אַ מעסערל.

נאָך דעם האָב איך דאָס גענומען אויסגלעטן, אײַבערשנײַדן אַ שטיקל פּאַפּיר, איבערהאַקן אַ שטרוי אויף דער האַלב, און ערשט נאָך דעם צעשנײַדן מײַן חלק ברויט אויף קלײניטשקע, קלײניטשקע שטיקעלעך, אָנשטעכן אויפן שפּיץ פונעם קלינגל און ערשט נאָך דעם לײגן אין מויל אַרײַן.

שפּעטער, פֿאַרן שלאָף, האָב איך דאָס אויסגעריי־
ניקט, אויסגעשייערט, אויסגעפּוצט, גענומען דאָס
שאַרפשטיינדל, וואָס איך האָב געפונען ביי אונדז אויפן
בוידעם, אָנגעשפּיגן און גענומען זיך שטילערהייט צו
דער אַרבעט—שאַרפן דאָס מעסערל, שאַרפן, שאַרפן...

דער טאַטע מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ זיצט אי־
בער אַ ספר, לערנט און הוסט, הוסט און לערנט.

די מאַמע איז אין קיך, פּאָרעט זיך ביי דער חלה.
איך הער נישט אויף דאָס מעסערל צו שאַרפן, שאַרפן...

פּלוצעם כאַפּט זיך אויף דער טאַטע ווי פון שלאָף:

— „ווער פּישטשעט דאָרטן? ווער אַרבעט דאָס?
וואָס טוסטו, שייגעץ איינער?"

ער גייט צו צו מיר און בייגט זיך אָן איבער מיין
שאַרפשטיינדל און כאַפּט מיך פֿאַרן אויער און פֿאַר־
הוסט זיך.

— „אַ־אַ־אַ? מעסערלעך!? הע־הע־הע!" —
זאָגט דער טאַטע און נעמט צו ביי מיר דאָס מעסערל
מיטן שאַרפשטיינדל: „אַזאַ יונגאַטש! קהע־הע־הע!"

איך הייב אָן צו וויינען אויף אַ קול. דער טאַטע
פֿאַרבעסערט מיר מיט עטלעכע פּעטש און די מאַמע
לויפט אַריין פון קיך מיט פֿאַרקאַטשעטע אַרבל, מיט
אַ גוואַלד:



ווער פּישטשעט דאָרטן? ווער אַרבעט דאָס?

— „שאַ, שאַ, וואָס איז דאָרט אַזעלכס? פאַר וואָס שלאָגסטו אים? גאָט איז מיט דיר! וואָס האָסטו צום קינד? ווי איז מיר ניט!"

— „מעסערלעך?" — שרייט דער טאַטע און פאַר־הוסט זיך — „אַ ברעקעלע קינד?! אַזאַ יונגאַטש! קהע־הע־הע־הע! אַ בחורל פון אַכט יאָר! איך וועל דיר געבן מעסערלעך, דו פוסטער בחור איינער! אין מיטן דרינען נאָר מעסערלעך, קהע־הע־הע־הע!"

נוואָלד, וואָס האָט ער געהאַט צו מיין מעסערל? וואָס האָט דאָס ביי אים אַזוי פאַרזינדיקט? פאַר וואָס איז ער אַזוי אין כעס?

איך געדענק מיין טאַטן כמעט שטענדיק קראַנק, שטענדיק בלאַס, געל און שטענדיק אין כעס, שטענדיק ברוגז אויף דער גאַנצער וועלט. פאַר אַ מינדסט נאַ־רישקייט ווערט ער אָנגעצונדן. אַ גליק וואָס די מאַמע פאַרהיט מיך, זי לייזט מיך אוים פון זיינע הענט.

און דאָס מעסערל מיינס האָט מען פאַרוואָרפן, פאַרוואָרפן אַזוי ווייט, אַז איך האָב דאָס אַכט טאָג גע־זוכט און געזוכט און האָב דאָס נישט געקאָנט געפינען אין ערגעץ!

איך האָב באַוויינט דאָס הויקערדיקע מעסערל, דאָס גוטע מעסערל. און ווי ביטער און פינצטער מיר איז געווען אין חדר, אַז איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך

װעל קומען אַהײם מיט געשװאָלענע באַקן, מיט רױטע אונטערגעריסענע אױערן פֿון רבינס הענט — צו װעמען װעל איך זיך קערן און װענדן ?

עלנט בין איך געבליבן אָן דעם הױקערדיקן מע־סערל, עלנט װי אַ יתום.

קײנער, קײנער האָט ניט געזען מײנע טרערן, װעלכע איך האָב שטילערהײט פֿאַרגאָסן בײ זיך, אױף מײַן בעטל בײנאַכט קומענדיק פֿון חדר. שטיל האָב איך זיך אױסגעװײנט, אױסגעװישט די אױגן, אַנט־שלאָפֿן געװאָרן, און אױף מאָרגן פֿרי — װידער אין חדר אַרײַן! װידער דעם רבינס קלעפּ!

און אין דער הײם — װידער דעם טאַטנס כעס, דעם טאַטנס הוסט.

ניטאָ קײן פֿרײע מינוט, קײן פֿרײלעכע מינע, קײן שמײכעלע, קײן אײנציק שמײכעלע פֿון קײנעם, פֿון קײנעם — אײנער אַלײן, עלנט, עלנט אױף דער גאַנ־צער װעלט!

### פֿאַרטײַטשונגען צו קאַפּיטל א

חשק (כײשעק), — פֿאַרלאַנג; חשק האָבן — װעלן.

געגאַרט — שטאַרק געװאָלט.

פֿלעדערװיש — Goose-wing (for dusting)
אַ פֿליגל פֿון אַן עוף (צוזאַמען מיט די פֿעדערן).

וואָס מען באַנוצט אַפּצואווישן שטויב אָדער צוגויפּצונעמען מיסט.

**עלעהיי** — אַזוי ווי; לאָמיר זאָגן — ס׳איז.

**מלאכה** — דאָ הייסט עס — אַרבעט.

**„קרינעלינע”** Crinoline, hoop-skirt
אַ פאַרצייטיק קלייד פאַר פרויען. דאָס קלייד פלעגט זיין זייער ברייט און דעם שטאָף פלעגט מען אַרויפציען אויף שטאָלענע רייפן.

**פעסל** — Small barrel

**קדיש** — זון, דאָס הייסט דער וואָס זאָגט קדיש נאָכן טויט פון די עלטערן.

**מזומן** — באַר געלט, — Cash

**הויקערדיק** — Hunchbacked

**שייערן** — רייניקן מיט זאַמד, פוצן, שטאַרק רייבן.

**יאַרמעלקע** — אַ קליין, גרינג היטל, וואָס מען פלעגט טראָגן אויפן קאָפּ אין אַ שטוב ווייל פרומע יידן האָבן געמוזט האַלטן שטענדיק באַדעקט זייער קאָפּ.

**ספר** (סייפער), — געוויינלעך הייסט עס אַ רעליגיעז בוך, אַ בוך אויף צו לערנען.

**פּאָרעט זיך** — אַרבעט, דרייט זיך אַרום, פאַרנעמט זיך.

**פאַרקאַטשעטע** — אויפגעשאַרטע און פאַרדרייטע.

**מינדסט** — קלענסט.

**לייזט מיך אויס** — באַפרייט מיך.



ון יענער צייט אָן איז איבערגעגאַנגען אַ יאָר און אפשר אַנדערהאַלבן. איך האָב שוין כמעט אָנגעהויבן צו פאַרגעסן דאָס הויקערדיקע מעסערל.

עס ווייזט אויס, אַז מיר איז אָבער באַשערט געווען, אַז מיינע אַלע קינדערשע יאָרן זאָל איך אָפּקומען פאַר מעסערלעך. איז געבוירן געוואָרן אַ ניי מעסערל אויף מיין אומגליק, אַ שפּאָגל־ניי מעסערל, אַן אַנטיקל, כלעבן,אַ וואַזשנע מעסערל, מיט צוויי קלינגלעך, טייערע שטאָלענע קלינגלעך, מיט אַ ווייס ביינערן קלעצל, מיט רויטע מעשענע שטיפטיקלעך — איך זאָג אייך, אַן אַנטיקל אַ מעסערל!

ווי קומט צו מיר דאָס דאָזיקע טייערע מעסערל? דאָס איז אַ גאַנצע מעשה, אַ טרויעריקע, נאָר אַ שיינע מעשה. הערט, איך בעט אייך, מיט קאָפּ.

ביי אונדז איז איינגעשטאַנען אַ רייכער סוחר, אַ יידישער דייטש. געהייסן האָט ער הער הערץ הערצנהערץ. געגאַנגען איז ער אָן אַ היטל, אָן אַ באָרד, אָן פאות און, איך בעט איבער אייער כבוד, ביז העכער האַלב אונטערגעשניטן די קאַפּאָטע. איך פרעג אייך, ווי אַזוי האָב איך זיך געקאָנט איינהאַלטן און ניט פּלאַצן פאַר געלעכטער, ווען דער דאָזיקער יידישער גוי אָדער

דער גויאישער ייד האָט צו מיר גערעדט דווקא אויף יידיש, נאָר עפּעס אַ מאָדנעם יידיש, מיט אַ סך פּסחן.

— „נו, ליבסטער קנאַבע, וואָס האַסטו געלערנט דיזע וואָכע ?"

— „בי־בי־בי", — האָב איך זיך צעלאַכט און באַהאַלטן דאָס פּנים אין האַנט.

— „זאַגע, זאַגע, מיין ליבעם קינדכען, וואָס האַסטו געלערנט דיזע וואָכע ?"

— „בי, בי, בי", — האָב איך אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און בין אַנטלאָפן געוואָרן.

נאָר דאָס איז אַלץ געווען צום אָנהייב, ווען איך האָב אים נאָך נאָרניט געקענט. אָבער נאָך דעם אַז איך האָב זיך שוין גוט באַקענט מיט דעם דאָזיקן דייטשער העדיץ הערצנהערץ, האָב איך אים אַזוי ליב געקריגן, אַז עס האָט מיך שוין מער נישט געאַרט, וואָס ער דאַוונט נישט און עסט אומגעוואַשן.

איין זאַך האָב איך ניט געקאָנט פאַרשטיין : פאַר וואָס דער טאַטע, וואָס איז געווען אַן ערלעכער ייד, האָט אים שטענדיק אָפּגעטראָטן דעם אויבנאָן, און אויך אַלע אַנדערע יידן, וואָס פלעגן אַריינקומען צו אונדז אין שטוב אַריין, פלעגן אים שטאַרק אָפּגעבן כבוד :

— „שלום־עליכם, ר׳ הערץ הערצנהערץ! ברוך־הבא, ר׳ הערץ הערצנהערץ! זיצט, ר׳ הערץ הערצנ־הערץ!"

איך האָב אַפילו אַ פרעג געטאָן דעם טאַטן, האָט ער מיך אָפּגעשטופּט און האָט מיר געענטפערט:

— „אַוועק, סע ניט דיין עסק. וואָס פּלאָנטערסטו זיך דאָ אַרום? מענסט נעמען אַ ספר אין האַנט, הע־הע־הע־הע!"

ווידער אַ ספר? איך וויל אויך זען! איך וויל אויך הערן וואָס ער רעדט!

איך גיי אַריין אין זאַל און פאַרגנבע זיך אין אַ ווינקעלע און הער זיך צו, ווי מע רעדט ביי אונדז, ווי דער הער הערץ הערצנהערץ לאַכט אויף אַ קול און רייכערט גראָבע שוואַרצע „ציגאַיערן" וואָס שמעקן מחיה נפשות. פּלוצעם גייט צו צו מיר דער טאַטע און לאָזט מיר אַראָפּ אַ פּאַטש.

— „ביסט שוין ווידער דאָ? דו פּוסטעפּאַסניק! וואָס וועט זיין פון דיר דער תכלית? גוואַלד, וואָס וועט זיין פון דיר, הע־הע־הע־הע!"

דער הער הערץ הערצנהערץ שטעלט זיך איין פאַר מיר: — „אַבער לאַסן זי אים! לאַסן זי אים!"

נאָר עס העלפט ניט. דער טאַטע טרייבט מיך אַרוים. איך נעם אַ „ספר" אין האַנט, נאָר עס ווילט

זיך פֿאָרט ניט קוקן אין ספר אַריין! וואָס טוט מען? איך גיי פֿון איין צימער אין דעם אַנדערן, ביז איך קום צו דעם שענסטן פֿון אַלע צימערן, דאָרטן וואו עס שלאָפֿט שטענדיק דער הער הערץ הערצנהערץ.

אַך, ווי שיין, ווי ליכטיק דאָרט איז! די לאָמפּן ברענען און די שפּיגלען גלאַנצן. אויפֿן טיש — אַ גרויסער, אַ זילבערנער טינטער מיט שיינע פּענעס; מענטשעלעך מיט פֿערדעלעך, מיט צאַצקעלעך, מיט ביינדלעך, מיט שטיינדלעך . . . און אַ מעסערל.

אַך, וואָס פֿאַר אַ שיין מעסערל!

ווען איך אַ שטיינער זאָל האָבן אַזאַ מעסערל — ווי גליקלעך וואָלט איך געווען! וואָס פֿאַר אַ מינים זאַכן וואָלט איך מיט דעם אויסגעשניצט!

אַנו, מען דאַרף דאָס פּרואוון — איז עס עפּעס שאַרף? . . . . אַך! עס כאַפּט אַ האָר! עס האַקט איבער אַ האָר! אַי־אַי־אַי, אַ מעסערל!!...

איין מינוט — דאָס מעסערל איז ביי מיר אין האַנט. איך קוק זיך אַרום אויף אַלע זייטן און פּרואוו זיך דאָס אַריינלייגן אויף אַ מינוטקעלע צו זיך אין קעשענע...

עס ציטערט מיר די האַנט... עס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק, אַז איך הער ווי עס מאַכט: „טיק־טיק־טיק!"

איך הער ווי עמעצער גייט, עמעצער סקריפעט מיט די שטיוול. דאָס איז ער, דער הער הערץ הערצנהערץ!

אײַ־אײַ, וואָס טוט מען?

דאָס מעסערל לאָז זיין ביי מיר, איך וועל עס נאָך דעם צוריק אַנידערלייגן. דערווייל דאַרף מען אַרויסניין, אַוועקגיין פון דאַנען, אַנטלויפן! אַנטלויפן!...

איך קאָן שוין קיין וועטשערע ניט עסן. די מאַמע טאַפּט מיך ביים קאָפּ. דער טאַטע וואַרפט אויף מיר בייזע אויגן און שיקט מיך אָפּ שלאָפן...

שלאָפן? איך קען דען צומאַכן די אויגן? איך בין אַ טויטער!... וואָס טוט מען מיטן מעסערל? ווי אַזוי לייגט מען דאָס אַנידער צוריק?...

## פאַרטייטשונגען צו קאַפּיטל ב

**אָפּקומען** — האָבען צרות, ליידן און דורך ליידן, זיך רייניקן פון זינד.

**אַנטיקל** — א טייערע, א זעלטענע זאַך.

**וואַזשנע** — וויכטיק, גרויסאַרטיק.

**שטיפטיקלעך** — טשוועקעלעך אָן קעפּלעך.

**דייטש** — הייסט דאַ א ייד וואָס גייט אָנגעטאָן אין א רעקל און ניט אין א לאַנגער קאַפּאָטע וואָס גרייכט ביז איבער די קני. א „דייטש” גאָלט די באָרד און פירט זיך אויף ניט אַזוי ווי די פרומע יידן.

ריידן מיט פּתחן — אָנשטאָט אַ זאָגן אַ.

קנאַבע — אויף דייטש הייסט עס יינגל.

אָפּגעבן כּבוד — ארויסוווייזן אַכטונג.

שלום־עליכם (שאָלעם־אַלייכעם) — די געוויינלעכע באַגריסונג ביים טרעפן זיך.

ברוך־הבא (באָרעך־האַבאָ) — אַזוי פלעגט מען זיך ווענדן צו אַ גאַסט.

עסק (אייסעק) — זאַך, געשעפט.

פלאָנטערטטו זיך — דרייסטו זיך ארום.

אויף אַ קול — הויך.

„ציגאַיערן" — ציגאַרן.

מחיה נפשות — זייער אַנגענעם, זייער געשמאַק, אַז עס דער־קוויקט די נשמה.

פּוסטעפּאַסניק — דער וואָס גייט ארום ליידיק.

תּכלית — ציל, רעזולטאַט. „וואָס וועט זיין פון דיר דער תכלית?" הייסט, „וואָס וועט פון דיר ווערן?"

אַ שטייגער — צום ביישפּיל, לאָמיר זאָגן.

ג.

— „קום נאָר אַהער, תכשיט מיינער!" — מאַכט צו מיר אויף מאָרגן דער טאַטע — „האָסטו געזען ערגעץ דאָס מעסערל?"

צו ערשט בין איך געווען זייער דערשראָקן. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער ווייס, אַז זיי ווייסן אַלע... שיר־שיר האָב איך זיך ניט אַרויסגעכאַפּט: „האַ? דאָס מעסערל? אָט איז דאָס!"... עס האָט מיך עפּעס אַ וואַרג געטאָן אין האַלדז און איך האָב מיט ציטערניש געענטפערט:

„וואו — וואָסער מעסערל?"

— „וואו — וואָסער מעסערל! דאָס גילדענע מעסערל! אונדזער אורחס מעסערל! דו בחורעץ, דו שיינעץ איינער, קהע־הע־הע!"

— „וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צום קינד? מישט זיך אריין די מאַמע, דאָס קינד ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן און ער דולט אים אַ ספּאָדיק: מעסערל, מעסערל!"

— מעסערל, מעסערל! וואָס הייסט ער ווייס ניט? זאָגט דער טאַטע מיט כעס, אַ גאַנץ פרימאָרגן הערט ער, ווי מע שרייט: „מעסערל, מעסערל! מעסערל,

מעסערל!" מע קערט איבער די שטוב נאָך דעם מעסערל, פרעגט ער: „וואו — וואָסער מעסערל?" גיי שוין, גיי, וואַש זיך, דו פּוסטער בחור אײנער, דו גויעץ, קהע־הע־הע!"

איך דאַנק דיר, גאָט, וואָס זיי האָבן מיך כאָטש ניט באַזוכט! נאָר וואָס טוט מען ווייטער? מע באַדאַרף דאָס מעסערל באַשטאַטן ערגעץ אויף אַ גוט אָרט...

וואו באַהאַלט מען דאָס? אַהאַ, אויפן בוידעם! איך כאַפּ דאָס אַרויס פון קעשענע און טו דאָס אַ שטופּ אין שטיוול אַריין... איך עס און וויים ניט וואָס איך עס. איך וואַרג זיך...

— „וואָס כאַפּסטו זיך אַזוי? פרעגט דער טאַטע.

— „איך אײל זיך אין חדר אַריין", ענטפער איך אים און פיל אַז איך ווער רויט ווי פייער.

— „אַ מתמיד געוואָרן, וואָס זאָגסטו אויף דעם צדיק?" וואָרטשעט ער און קוקט אויף מיר בייז.

קוים־קוים דערלעב איך אָפּצועסן, אָפּצובענטשן.

— „נו, פאַר וואָס גייסטו שוין ניט אין חדר, צדיק מײנער?" פרעגט מיך דער טאַטע.

— „וואָס טרייבסטו אים אַזוי?" זאָגט אים די מאַמע, „לאָז דאָס קינד זיצן אַ מינוט!"

איך בין שוין אויפן בוידעם... ווייט, ווייט באַ־האַלטן ליגט דאָס ווייסע מעסערל. עס ליגט און שווייגט.

— „וואָס קלעטערסטו אויף בוידעמס?" — שרייט דער טאַטע, „דו יונגאַטש אײנער! דו בר־מצווה־יונג! קהע־הע־הע!"

— „איך זוך דאָ עפּעס"... — ענטפער איך און פאַל שיר נישט אום פאַר שרעק.

— „עפּעס? וואָס הייסט „עפּעס"? וואָס איז דאָס פאַר אַ מין „עפּעס"?"

— „אַ ספר . . . אַ . . . אַן אַלטע גמרא" . . .

— „האַ? אַ גמרא? אויפן בוידעם? אַ דו, היצל אײנער! קריך שוין אַראָפּ, קריך, וועסט שוין לייזן! דו הינטשלענער, דו כל־בוניק אײנער, קהע־הע־הע!"

נאָר עס אַרט מיך שוין ניט אַזוי דעם טאַטנס כעס, ווי סע אַרט מיך דאָס וואָס איך האָב מורא, טאָמער גע־פינט מען דאָס מעסערל? טאָמער גראָד היינט קריכט מען אַרויף אויפן בוידעם גרעט אויסהענגען?

מע דאַרף דאָס פון דאָרטן אַראָפּנעמען און באַ־שטאַטן אויף אַ בעסער אָרט...

איך גיי אַרום אין איין ציטערניש. יעדער קוק פו־נעם טאַטנס אויגן וויזט מיר אוים, אַז ער ווייס שוין, אַז

אָט־אָט טוט ער מיך אַ כאַפּ װעגן דעם דײַטשם מע־סערל...

איך האָב שוין אַן אָרט אױף דעם, אַ טײַער אָרט!

װאו? אין דער ערד! אין אַ גריבל בײַ דער װאַנט אַרײַנגעשטעקט און פֿון אױבן רעכט פֿאַרשאַרט מיט שטרוי, פֿאַר אַ סימן...

געקומען פֿון חדר, כאַפּ איך זיך באַלד אַרום אין הויף אַרײַן, איך נעם מיר פּאַװאָלינקע אַרױס דאָס מע־סערל און איך האָב קײן צײַט אַפֿילו רעכט אָנצושפּיג־לען זיך אין דעם, הער איך שוין דעם טאַטנס געפּיל־דער:

— „װאו ביסטו ערגעץ דאָרט? פֿאַר װאָס גײסטו שוין ניט דאַװנען? דו װאַסער־פּירער! קהע־הע־הע!"

נאָר װי פֿיל דער טאַטע יאָגט מיך, װי פֿיל דער רבי שלאָגט מיך, איז דאָס בלאָטע קעגן יענעם פֿאַרגעניגן, װאָס איך האָב, בשעת איך קום פֿון חדר און זע זיך מיט מײַן טײַערן, מײַן אײנציקן ליבן חבר — מיט מײַן מע־סערל!

דאָס פֿאַרגעניגן איז אָבער — אױ, װײ! — אױסגע־מישט מיט װײטיק, פֿאַרביטערט מיט שרעק, מיט גרױס, גרױס שרעק!

## פאַרטייטשונגען צו קאַפּיטל ג

**וועטשערע** — אָוונטברויט. — Supper

**תכשיט** — אַ צירונג, אַ טייערע זאַך; דאָ איז עס אָפּלאַכעריש.

**אורח** (אויראַך) — גאַסט.

**דולן אַ ספּאָדיק** — דרייען אַ קאָפּ.

**וואַש זיך** — דאָ באַטייט עס „גיי עסן", ווייל פאַרן עסן האָט מען געמוזט וואַשן די הענט.

**באַשטאַטן** — באַהאַלטן.

**בוידעם** — Attic

**מתמיד** — אַ פלייסיקער, דער וואָס לערנט זיך שטענדיק.

**צדיק** (צאַדיק) — זייער אַ פרומער און אַ גערעכטער.

**וואָרטשעט** — בורטשעט, רעדט אומצופרידן און אין דער שטיל.

**גמרא** — דאָ הייסט עס איין באַנד פון תלמוד. (בעט דעם לערער דערקלערן וואָס דאָס איז.)

**היצל** — הינט־כאַפּער, הינטשלעגער.

**כל־בוניק** (קאָלבויניק) — יונגאַטש, אַזאַ וואָס האָט אַלע שלעכטע אייגנשאַפטן.

**גרעט** — וועש.

**פּאַוואָלינקע** — גאָר לאַנגזאַם.

**אָנצושפּיגלען זיך** — אָנפרייען זיך, אָנקוקן זיך.

**דאָס איז בלאָטע** — דאָס האָט קיין ווערט נית.

ד


ומער־לעבן. די זון זעצט זיך. די לופט ווערט אַ ביסל קילער. דאָס גראָז שמעקט, די זשאַבעס קוואַקען, און שטיקער כמאַ־רעס פליען דורך אָן רעגן, פאַרביי דער לבנה, ווילן זי איינשלינגען. די ווייסע זיל־בערנע לבנה באַהאַלט זיך אַלע מינוט און באַווייזט זיך ווידער; דאַכט זיך, זי שוועבט און שוועבט — און שטייט אויף איין אָרט.

דער טאַטע זעצט זיך צו אויפן גראָז. ער איז האַלב נאַקעט. ער האַלט איין האַנט אין בוזעם און מיט דער אַנדערער האַנט שאַרט ער ביי דער ערד און קוקט אויפן אויסגעשטערנטן הימל און הוסט. דאָס פּנים אַקעגן דער לבנה איז טויט, פאַרזילבערט.

ער זיצט פּונקט אויף דעם אָרט, וואו דאָס מעסערל ליגט באַגראָבן, און ער ווייס גאָרניט וואָס אונטער אים טוט זיך! אַך, ווען ער זאָל אַ שטייגער וויסן, וואָס וואָלט ער געזאָגט? וואָס וואָלט איך געהאַט?

אַהאַ, טראַכט איך מיר אין האַרצן, האָסט מיר פאַרוואָרפן מיין הויקערדיק מעסערל, האָב איך איצט אַ ביסל אַ בעסערס, אַ שענערס! דו זיצסט אויף דעם און דו ווייסט גאָרניט. אוי, טאַטע! טאַטע!



...אויף דעם אָרט, וואו דאָס מעסערל ליגט באַגראָבן

— „וואָס גלאָצסטו אויף מיר מיט די אויגן ווי אַ קאָטער?" — כאַפּט מיך אָן דער טאַטע. — „וואָס זיצסטו צונויפגעלייגט די הענט ווי אַ שטאָט־באַלע־באָס? קאָנסט זיך שוין גאָר קיין אַרבעט ניט אָפּזוכן? קהע־הע־הע!"

אַלע, אַלע זיינען אַצינד אין דרויסן: דער טאַטע, די מאַמע, די קלענערע קינדער וואָס זוכן קליינע שטיינדלעך און שפּילן אין זאַמדעלעך. דער הער הערץ הערצנהערץ דרייט זיך אויך אַרום איבערן הויף אָן אַ היטל, רייכערט אַ „ציגאַיער" און זינגט אַ דייטש לידל.

ער קוקט אויף מיר און לאַכט. דאָס לאַכט ער פון מיר אַפּנים וואָס דער טאַטע טרייבט מיך. איך לאַך אָבער פון זיי אַלע!

אָט באַלד וועלן זיי אַלע גיין שלאָפן, וועל איך זיך דעמאָלט אַרויסכאַפּן אין הויף אַרוים (איך שלאָף אין הויז, פון פאָרנט, אויף דער ערד, וואָרעם אין שטוב איז די היץ שרעקלעך גרוים), איך וועל מיך שוין אָנשפּיג־לען אין מיין מעסערל!...

דער עולם שלאָפט. שאַ, שטיל אַרום און אַרום. פּאַוואָלינקע הייב איך זיך אויף אויף אַלע פיר, און שטיל ווי אַ קאַץ גנבע איך זיך אַרוים אין הויף אַרוים.

די נאַכט איז שטיל. די לופט איז פריש, מחיה־נפשות.

פאַמעלעך קריך איך צו צו יענעם אָרט, וואו דאָס מעסערל ליגט באַגראָבן. פאַוואָליע גראָב איך דאָס אויס פון דאָרטן און באַטראַכט דאָס ביי דער לבנה.

עס גלאַנצט, עס בלישטשעט ווי גינגאָלד, ווי אַ בריליאַנט. איך הייב אויף די אויגן אַרויף און דערזע — די לבנה קוקט גלייך אַראָפּ צו מיר, אויף מיין מעסערל... וואָס קוקט זי זיך אַזוי איין? איך דריי זיך אויס צוריק

— זי קוקט מיר נאָך! איך פאַרשטעל דאָס מעסערל מיטן העמדל — זי קוקט מיר נאָך!

זי וויים געווים, וואָס דאָס איז פאַר אַ מעסערל און וואו איך האָב דאָס גענומען... גענומען? איך האָב דאָס געגנבעט!

דאָס ערשטע מאָל פון זינט דאָס מעסערל איז מיינס, קומט מיר דאָס דאָזיקע שרעקלעכע וואָרט אויף די געדאַנקען.

געגנבעט? בין איך דאָך, הייסט דאָס, אַ גנב? פשוט אַ גנב?

אין דער תורה שטייט געשריבן, אין די צען געבאָט, מיט גרויסע אותיות

# לא תגנוב!

זאָלסט ניט גנבענען! און איך האָב געגנבעט!

וואָס וועט מען מיר דערפאַר טאָן אין גיהנם ? אוי, ווײ ! מען וועט מיר אָפּהאַקן די האַנט, די האַנט וואָס זי האָט געגנבעט ! מען וועט מיך שמייסן מיט אייזער־נע ריטער... מען וועט מיך בראָטן און ברענען אויף הייסע פאַנען... אייביק, אייביק וועל איך גליען...

מע באַדאַרף אָפּגעבן דאָס מעסערל ! מע באַדאַרף אַנידערלייגן צוריק דאָס מעסערל ! מע באַדאַרף נישט קיין געגנבעט מעסערל ! מאָרגן לייג איך אַנידער צו־ריק דאָס מעסערל.

אַזוי טראַכט איך מיר און נעם דאָס מעסערל צו זיך אין בוזעם אַריין. פיל איך אַז סע בריט מיך, סע בראָט מיך. ניין, מע באַדאַרף עס צוריק באַהאַלטן, באַגראָבן אין דער ערד אַריין ביז מאָרגן.

און די לבנה פון אויבן קוקט אויף מיר. וואָס קוקט זי ? די לבנה זעט, זי איז אַן עדות...

און איך קריך צו פּאַוואָלינקע צוריק אין הויז אַריין אויף מיין געלעגער און לייג זיך שלאָפן און קאָן ניט אַנטשלאָפן ווערן. איך דריי זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער און קאָן ניט שלאָפן...

מיטן טאָג גלייך שוין בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן. און עס האָבן זיך מיר געחלומט אייזערנע ריטער, און עס האָבן זיך מיר געחלומט מעסערלעך...

גאַנץ פרי האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, אָפּגעדאַוונט און אָפּגעכאַפּט דעם אָנבייסן אויף איין פוס — און מאַרש אין חדר אַריין.

— „וואָס כאַפּט דאָס דיך אַזוי אין חדר אַריין?" — שרייט אויף מיר דער טאַטע — „וואָס יאָגט דאָס דיך אַזוי? וועסט ניט אָנווערן די תורה דיינע שפּעטער אויך! בענטש בעסער ווי עס קער צו זיין און היפּער ניט קיין ווערטער! דו וועסט נאָך צייט האָבן צו זיין אויסגעלאָזט, דו הולטיי איינער, דו גוי איינער, קהע־הע־הע־הע!"

## פאַרטייטשונגען צו קאַפּיטל ד

**זשאַבעס** — פּרעש, — Frogs

**כמאַרעס** — וואָלקנס.

**בוזעם** — Bosom

**גלאָצן** — קוקן מיט ברייט צעעפנטע אויגן.

**קאָטער** — דער ער פון א קאַץ, — He-cat

**שטאָט־באַלעבאָס** — א לייטישער מענטש, א פאַרמעגלעכער מענטש, א באַלעבאָס פון שטאָט.

**עולם** — People

**בלישטשעט** — גלאַנצט.

**גינגאָלד** — גאָר גוט גאָלד.

**תורה (טוירע)** — גאָטס לערע, חומש.

**גיהנם** — שטראָפאָרט פון „יענער וועלט", וואו מע פייניקט די זינדיקע.

**פאַן** — Pan

**עדות** (אײדעס) — זאָג עדות. — Witness

**בענטשן** — זאָגן דאָס געבעט פון נאָכן עסן.

**עס קער צו זיין** — עס דאַרף צו זיין.

**היפערן** — היפּן, אַריבערלאָזן, דורכלאָזן.

**הולטייַ** — פאַרשווענדער, דער וואָס הוליעט שטענדיק.

ה

וואָס עפעס אַזוי שפעט? טו נאָר אַ קוק אַהער!" — האַלט מיך דער רבי פיר, און ווייזט מיר אָן מיטן פינגער אויף מיין חבר בערל דעם רויטנס, וואָס שטייט אין אַ ווינקעלע מיט אַן אַראָפגעלאָזטן קאָפ, — „זעסטו, ווייסער־חברהניק? זאָלסטו וויסן זיין, אַז פון היינטיקן טאָג און ווייטער איז שוין זיין נאָמען ניט „בערל רויטנס" ווי ער האָט געהייסן ביז אַהער. ניין! ער הייסט אַצינד אַ שענערן נאָמען: אַצינד הייסט ער: בערעלע דער גנב! שרייט זשע קינדער: בערעלע דער גנאַ־אַ־אַנב! בערעלע דער גנאַ־אַ־אַנב!"

די דאָזיקע ווערטער ציט אוים דער רבי מיט אַ ניגון און אַלע תלמידים כאַפן אים אונטער:

— „בערעלע דער ג־אַ־נב! בערעלע דער ג־אַ־נב!"

איך בלייב אַ פאַרשטיינערטער און אַ פראָסט גייט מיר איבער אויפן לייב. איך פאַרשטיי ניט וואָס דאָס באַטייט.

— „וואָס שווייגסטו, דו שייגעץ איינער?" — רופט זיך אָן דער רבי צו מיר מיט אַן אומגעריכטן פאַטש — „וואָס שווייגסטו, דו גויעץ? דו הערסט דאָך אַז אַלע

זינגען. העלף זינגען מיט אַלע גלייך: „בערעלע דער גאַ־אַ־אַנב, בערעלע דער גאַ־אַ־אַנב!"

עם ציטערן מיר העגט און פיס. עס קלאַפּט מיר צאָן אויף אַ צאָן. נאָר איך העלף זינגען: „בערעלע דער ג־אַ־נב!"

— „העכער, שיינעץ איינער!" — טרייבט מיך אונטער דער רבי, — „שטאַרקער! שטאַרקער!"

און איך מיטן גאַנצן כאָר זינגען אויף אַלערליי קולות: „בערעלע דער ג־אַ־נב! בערעלע דער ג־אַ־נב!"

— „ש־ש־ש־ש־ש־אַ־אַ־אַ־אַ!" — שרייט אוים פּלוצעם דער רבי און טוט אַ פּאַטש מיט דער האַנט איבערן טיש — „שאַ! אַצינד וועלן מיר זיך נעמען צום מישפּט. (מיט אַ ניגון) אַנו, בערעלע גנב, קום נאָר אַהער, מיין קִינד, גיבער זשע, גיבער אַ ביסעלע! זאָג נאָר, יינגעלע, ווי אַזוי רופט מען דיך?" (מיט אַ ניגון).

— „בערל".

— „ווי אַזוי נאָך?" (מיט אַ ניגון).

— „בער . . . בערל . . . דער . . . גנב!"

— „אָט אַזוי, מיין ליב קינד, אָט אַזוי ביסטו אַ וואויל יינגעלע (מיט אַ ניגון). אַצינד, בערעלע, געזונט



וואָס שווייגסטו, דו, גויעץ? העלף זינגען...

זאָלסטו מיר זיין, נעם, בערעלע, און צי אַראָפּ פון זיך די הייזעלעך. אָט אַזוי! נו שוין, און גיכער שוין! אָט אַזוי, בערעשי, מיין טייערער!"

בערל בלייבט שטיין נאַקעט ווי די מאַמע האָט אים געהאַט. קיין טראָפּן בלוט איז אין אים ניטאָ. ער רירט ניט מיט קיין גליד. די אויגן אַראָפּ. אַ גע־שטאָרבענער, אַ טויטער!

דער רבי רופט אַרויס איינעם פון די גרעסערע תלמידים, אַלץ מיט אַ ניגון:

— „אַנו, הערשעלע דער גרויסער, גיי נאָר אַרויס פונעם טיש. אַהער, צו מיר, געשווינדער, אָט אַזוי. און דערציייל אונדז אַקאָרשט די מעשה פון אָנהייב ביזן סוף, ווי אַזוי אונדזער בערעלע איז געוואָרן אַ גנב. הערט, חברה, מיט קאָפּ".

און הערשעלע דער גרויסער הייבט אָן צו דער־ציילן אַ מעשה, ווי אַזוי בערל האָט זיך דערשלאָגן צו אַ צדקה־פּושקע, וואָס זיין מאַמע וואַרפט אַהין אַלע פרייטיק פאַר ליכט בענטשן אַ קאָפּיקע און אַ מאָל צוויי; ווי אַזוי בערל האָט זיך דערשלאָגן צו דער דאָ־זיקער צדקה־פּושקע, אויף וועלכער עס הענגט אַ שלע־סעלע; ווי אַזוי בערל האָט מיט אַ שטרויעלע מיט סמאָלע אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַלע קאָפּיקעס איינציקווייז ביז לעצט; ווי אַזוי די מאַמע זיינע האָט

זיך געכאַפּט, געעפנט די דאָזיקע צדקה־פּושקע, דאָרט איז געלעגן אַ שטרוי, איינגעטונקען אין סמאָלע; ווי אַזוי די מאַמע זיינע האָט אים „צוגעשטעלט אַ בענ־קעלע"; ווי אַזוי בערל האָט זיך באַלד נאָך דעם רבינס שמיץ מודה געווען, אַז אַ גאַנץ יאָר, אַ קיילעכיק יאָר, האָט ער געשלעפּט פון דער צדקה־פּושקע די קאָפּי־קעס; ווי אַזוי ער האָט זיך יעדער זונטיק געקויפט צוויי לעקעכלעך מיט אַ באָקסער; ווי אַזוי...

— „אַצינד, קינדער, מישפּט אים! לאָז יעדער זאָגן זיין מישפּט, וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָ־פּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע. הערשל דער קליינער, זאָג דו צום ערשטן, וואָס קומט אַזאַ גנב, וואָס שלעפּט קאָ־פּיקעס מיט אַ שטרוי פון אַ צדקה־פּושקע?"

דער רבי בייגט איין דעם קאָפּ אויף אַ זייט, ער מאַכט צו די אויגן און שטעלט אונטער דעם רעכטן אויער צו הערשל דעם קליינעם. הערשל דער קליינער ענטפערט הויך, אויף אַ קול:

— „אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ פּושקע קומט... מע זאָל אים קאַטעווען ביז בלוט וועט גיין".

— „משהל, וואָס קומט אַ גנב וואָס שלעפּט קאָ־פּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?"

— „אַ גנב", — זאָגט משהל מיט אַ וויינענדיק קול, — „אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע

קומט מע זאָל אים אַנידערלייגן, צוויי אויפֿן קאָפּ, צוויי אויף די פּיס, און צוויי זאָלן אים שמייסן מיט איינגע־זאַלצענע ריטער״...

— „טאָפּעלע טוטאַריטו! וואָס קומט אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פֿון אַ צדקה־פּושקע?״

קאַפּל־קוקאַריקו, אַ ייִנגל, וואָס קאָן ניט אויסריידן קיין קוף און קיין גימל, ווישט אויס דאָס נעזל און זינגט זיין מישפּט מיט אַ קוויטש:

— „אַ דאַנעוו וואָס שלעפּט טאָפּיקעס פֿון אַ פּוש־טע טומט אים, אַז אַלע ייִנגלעך זאָלן צודיין צו אים און זאָדן אים דלייך אין פּנים דריי מאָל אויף אַ טאָל: דאַ־נעוו, דאַנעוו, דאַנעוו!״

אין חדר ווערט אַ געלעכטער. דער רבי נעמט זיך מיטן גראָבן פֿינגער אונטערן גאָרגל ווי אַ חזן און רופֿט מיך אויף מיטן ניגון, וואָס מע רופֿט אויף אַ חתן:

— „זאָג נאָר דו, שלומניו מיין טייערינקער, דיין מישפּט, וואָס קומט אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פֿון אַ צדקה־פּושקע?״

איך וויל ענטפֿערן — פֿאָלגט מיך ניט די צונג. איך ציטער ווי אין אַ פֿיבער, עס וואַרגט מיך אין האַלדז. אַ קאַלטער שוויים באַשלאָגט מיך פֿון אויבן ביז אַראָפּ. עס פּייפֿט מיר אין די אויערן.

איך זע שוין פֿאַר זיך ניט דעם רבין, ניט דעם נאַ־קעטן „בערל דעם גנב", ניט קיין חברים. איך זע פֿאַר זיך נאָר מעסערלעך; אָן אַ שיעור מעסערלעך; ווייסע, אָפֿענע מעסערלעך, מיט אַ סך קלינגלעך, און דאָרט, ביי דער טיר — הענגט די לבנה, זי שמייכלט און קוקט אויף מיר ווי אַ מענטש...

עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ, דער גאַנצער חדר, מיטן טיש, מיט אַלע חברים, מיט דער לבנה וואָס הענגט אויף דער טיר, און מיט אַלע מעסערלעך... איך פֿיל ווי די פֿיס ווערן אונטערגעהאַקט. נאָך אַ מי־נוט — פֿאַל איך אום. נאָר איך שטאַרק זיך מיט אַלע כוחות און האַלט זיך איין, איך זאָל ניט פֿאַלן...

פֿאַרנאַכט קום איך אַהיים און פֿיל, אַז דאָס פּנים ברענט מיר, די בעקלעך פֿלאַמען און אין די אויערן זשומעט מיר.

איך הער, מע רעדט צו מיר, נאָר וואָס — ווייס איך ניט. עפּעס זאָגט דער טאַטע, עפּעס בייזערט ער זיך, וויל געבן פּעטש. די מאַמע שטעלט זיך איין פֿאַר מיר, צעלאָזט דעם פֿאַרטעך, ווי אַ קוואָקע די פֿליגל, בשעת זי באַשיצט אירע הינדעלעך מע זאָל זיי ניט אָנרירן צום שלעכטן...

איך הער גאָרניט, איך וויל גאָרניט ניט הערן. איך

ווייל נאָר, ס'זאָל ווערן פריער נאַכט, איך זאָל קענען מאַכן אַן עק מיטן מעסערל...

וואָס טוט מען מיט דעם? מודה זיין זיך און אָפּגעבן דאָס? וועל איך האָבן בערעלעס מישפּט. אונטערוואַרפן דאָס? טאָמער כאַפּט מען מיך . . . פאַרוואַרפן און אַן עק, אַבי פּטור ווערן! וואוהין פאַרוואַרפט מען דאָס, אַז מע זאָל דאָס ניט געפינען?

אויפן דאַך? וועט מען הערן אַ קלאַפּ.

אין גאָרטן? וועט מען דאָס געפינען.

אַהאַ! איך ווייס שוין, איך האָב אַן עצה: אַריינוואַרפן אין וואַסער אַריין! אַ טייערע עצה כלעבן — אין וואַסער אַריין, אין ברונעם, טאַקע אָט דאָ ביי אונדז אויפן הויף!...

דער דאָזיקער געדאַנק געפעלט מיר אַזוי שטאַרק, אַז איך וויל נאָר לאַנג נישט קלערן. איך כאַפּ דאָס מעסערל און לויף גלייך צום ברונעם, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט אין די הענט ניט קיין מעסערל נאָר עפּעס אַ מיאוסקייט, אַ מין שרץ פון וועלכן עס ווילט זיך מיר וואָס גיכער צו באַפרייען זיך, פּטור ווערן.

נאָר סע טוט מיר באַנג — אַזאַ טייער מעסערל! אַ מינוט שטיי איך פאַרטראַכט און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט אין האַנט אַ לעבעדיקע זאַך... דאָס



און לאָז דאָס מיט אַמאָל אַרויס פון די פינגער — „פליוך!"

האַרץ טוט מיר ווי אויף דעם: סטייטש, סטייטש, עס קאָסט מיר אַזוי פיל מי!

איך נעם זיך אָן מיט האַרץ און לאָז דאָס מיט אַ מאָל אַרוים פון די פינגער — „פליוך!"... עס טוט אַ פלעשטשע דאָס וואַסער, און מער הערט מען נישט...

ניטאָ קיין מעסערל!

איך שטיי נאָך אַ מינוט ביים ברונעם און הער זיך צו — מע הערט גאָרנישט. דאַנקען גאָט, פטור גע־וואָרן. כאָטש דאָס האַרץ קלעמט מיר, טוט מיר ווי: סטייטש, אַזאַ מעסערל, אַזאַ מעסערל!

איך גיי צוריק צו מיין געלעגער און זע ווי די לבנה קוקט מיר נאָך. און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי האָט געזען אַלץ וואָס איך האָב דאָ געטאָן. און איך הער ווי אַ קול פון וייטנס:

— „אָבער דו ביסט פאָרט אַ גנב! כאַפּט אים, קלאַפּט אים, ער איז אַ גנב, אַ גאַ־אַ־נב!"

איך גנבע זיך אַריין צוריק אין הויז אַריין און לייג זיך שלאָפן. און עס חלומט זיך מיר, אַז איך לויף, איך שוועב, איך פלי אין דער לופטן מיטן מעסערל, און די לבנה קוקט אויף מיר און זאָגט:

— „כאַפּט אים, קלאַפּט אים, ער איז אַ גנב! אַ גאַ־אַ־נב!!!"...

## פאַרטייטשונגען צו קאַפּיטל ה

**ווייסער־חברהניק** — יונגאַטש, שטיפער.

**ניגון** — Melody

**תלמידים** — שילער.

**אומגעריכט** — אומדערוואַרט.

**צדקה־פּושקע** — אַ פּושקע וואוהין מע וואַרפט געלט פאַר אָרעמע.
—Alm box

**סמאָלע** — Tar, Pitch

**צוגעשטעלט אַ בענקעלע** — באַקלאַגט זיך פאַרן רבין, מיטן ציל דער רבי זאָל אָפּשמייסן.

**זיך מודה געווען** — אויסגעזאָגט, אַז מע האָט עפּעס אָפּגעטאָן.

**באָקסער** — Carol bean, Johnson Bread

**קאַטעווען** — שמייסן.

**קוואָקע** — הון.

**ברונעם** — Well

**מיאוסקייט** — אַ מיאוסע זאַך, אַן עקלדיקע זאַך, אַ וואָרעם, אַ שרץ.

**שרץ (שערעץ)** — אַ קריכיקע באַשעפעניש, אַן עקלדיקע זאַך.

**עס טוט מיר באַנג** — עס פאַרדריסט מיר.

ז

א לאַנגער, לאַנגער שלאָף! אַ שווערער, זייער אַ שווערער חלום! עס ברענט אין מיר אַ פייער. עס זשומעט מיר אין קאָפּ. אַלץ וואָס איך זע איז רויט ווי בלוט.

ברענענדיקע ריטער פון פייער קאַטע־ ווען מיין לייב און איך דריי זיך אין בלוט. אַרום מיר דרייען זיך שלאַנגען און ענדישן. זיי האַלטן אָפן זייערע מיילער און ווילן מיך איינשלינגען...

גלייך אין אויער אַריין הער איך אַ בלאָז: טהור־טו־טו־טו! און איינער שטייט איבער מיר און שרייט אויף אַ קול מיט אַ ניגון, צום טאַקט: „שמייסט אים! שמייסט אים! ער איז אַ ג־א־נב!!!" און אַליין שריי איך: „גוואַלד, נעמט צו פון מיר די לבנה! גיט איר אָפּ דאָס מעסערל! וואָס האָט איר צו בערלען נע־עבך? ער איז ניט שולדיק — דאָס בין איך אַ ג־אַ־נב! אַ ג־אַ־נב!"...

און ווייטער געדענק איך ניט — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

איך עפן אויף איין אויג און דאָס אַנדערע אויג... וואו בין איך? דאַכט זיך אויף אַ בעט? וואָס טו איך

דאָ? ווער זיצט דאָס אָט דאָרט אויף אַ בענקל ביים בעט?

אַ! דאָס ביסטו, מאַמע? מאַמע!... זי הערט מיך ניט!... מאַמע! מאַמע! מאַאַאַמע!!!...

וואָס הייסט דאָס? מיר דאַכט זיך אַז איך שריי אויף אַ קול... שאַ! איך הער זיך צו — זי וויינט? זי וויינט שטילערהייט. אויך זע איך דעם טאַטן מיט זיין געל קרענקלעך פּנים. ער זיצט איבער אַ ספר און זאָגט עפּעס שטילערהייט און הוסט און זיפצט און קרעכצט...

עס ווייזט זיך אויס אַז איך בין שוין געשטאָרבן... געשטאָרבן?... מיט אַ מאָל פיל איך ווי עס ווערט מיר ליכטיק אין די אויגן, גרינג אין קאָפּ, גרינג אין אַלע אברים. עס קלינגט מיר אין איין אויער, אינעם אַנדערן אויער: דזוננננו!!! איך גיב אַ נים: אַפּצשי!...

— „צו געזונט! צו לאַנגע יאָרן! אַ גוטער סימן!"

מע דרייט זיך אַרום מיר, מע קוקט אויף מיר. יעדער גייט צו און טוט מיר אַ טאַפּ ביים קאָפּ. מע שפּרעכט מיך אָפּ, מע לעקט מיר דעם שטערן און מע שפּייט אויס.

און מע קעבלט מיך: מע גיסט מיר אין מויל אַריין זודיקע יויך און מע שטופּט מיר מיט לעפּעלעך איינגעמאַכטס. אַלע דרייען זיך אַרום מיר, מע היט מיך

אָפּ ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג. מע האָדעוועט מיך מיט יאַיכלעך און מיט קאַטשקעלעך ווי אַ פּיצעלע קינד. און מע לאָזט מיך ניט אַליין.

עס זיצט שטענדיק לעבן מיר די מאַמע און דער־ציילט מיר איבער אַלע מאָל איבער אַ ניים די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי מע האָט מיך אויפגעהויבן פון דער ערד כמעט אַ טויטן; ווי אַזוי איך בין געלעגן צוויי וואָכן נאָך אַנאַנד אין אַ העליש פייער און האָב נאָר געקוואָקעט ווי אַ זשאַבע, און עפּעס געהאַלטן אין איין רײדן פון שמיץ און פון מעסערלעך... מע האָט שוין גערעכנט, אַז איך בין שוין חלילה געשטאָרבן... און נאָך דעם, פּלוצעם, האָב איך אַ נים געגעבן זיבן מאָל, ממש פון טויט לעבעדיק געוואָרן...

— „היינט זעען מיר וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן!"
— לאָזט אוים די מאַמע מיט טרערן אויף די אויגן — „שיר־שיר נישט אָנגעוואָרן אַ קינד, חלילה, מיר זאָל זיין פאַר דיינע ביינער, און איבער וועמען? איבער וואָס? איבער אַ יינגל אַ גנב, עפּעס אַ בערעלע, וואָס דער רבי האָט פאַרשמיסן אין חדר ביז אין בלוט אַריין. אַז דו ביסט געקומען צו גיין פון חדר, ביסטו שוין געווען אַ טויטער. דער מאַמען זאָל זיין פאַר דיר! דאָס איז אַ רוצח, דאָס איז אַ גזלן, גאָט זאָל אים באַצאָלן! ניין, מיין קינד, אַז גאָט וועט אונדז שענקען דאָס לעבן און דו וועסט אויפשטיין געזונטערהייט, וועלן מיר דיך שוין

אָפּגעבן צו אַן אַנדער מלמד, ניט אַזאַ רוצח ווי אָט דער רבי!"

די דאָזיקע נײַעס איז בײַ מיר שרעקלעך אָנגעלייגט. איך כאַפּ אַרום די מאַמע קושן:

— „טײַערע, טײַערע מאַמע!"

און דער טאַטע גייט צו צו מיר פּאַוואָליע, לייגט אַרויף זײַן בלייכע קאַלטע האַנט מיר אויפן שטערן און זאָגט צו מיר שוין ווייך, אָן אַ שום כעס:

— „אַי, האָסטו אונדז איבערגעשראָקן, דו שקאָץ איינער, קהע־הע־הע־הע!"

און דער יידישער דײַטש אָדער דער דײַטשער ייד הער הערץ הערצנהערץ, מיט אַ „ציגאַיער" אין די ציין, בייגט זיך אָן מיט זײַן געגאָלטער מאָרדע איבער מײַן בעטל און טוט מיר אַ גלעט איבערן בעקל און זאָגט אויף דײַטש:

— „גוט, גוט! געזונט, געזונט!"

* *

*

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך מײַן אויפשטיין פון בעט רופט זיך אָן צו מיר דער טאַטע:

— „נו, מײַן זון, אַצינד גיי אין חדר אַרײַן, און האָב שוין מער ניט אין זינען קיין מעסערלעך מיט קיין נאַ־

רישקייטן... שוין צייט זאָלסט שוין אָנהייבן ווערן אַ שטיקל מענטש, איבער דריי יאָר וועסטו שוין בר־מצווה, צו הונדערט און צוואַנציק יאָר, קהע־הע־הע!"

מיט אַזעלכע זיסע ווערטער שיקט מיך דער טאַטע אַרוים אין חדר אַריין צום נייעם מלמד. דאָס ערשטע מאָל הער איך פון מיין בייזן טאַטן אַזעלכע גוטע ווייכע ווערטער. איך זאָל מיך ניט שעמען, וואָלט איך אים אַרומגעכאַפּט קושן. נאָר, כי־כי־כי — ווי אַזוי קושט מען אַ טאַטן?...

די מאַמע גיט מיר אין חדר אַריין אַ גאַנצן עפּל מיט צוויי גראָשן, און אויך דער דייטש שענקט מיר אַ פּאָר קאָפּיקעס מיט אַ קניפּ אין בעקל, און רעדט אויף זיין שפּראַך:

— „היפּשער קנאַבע! גוט, גוט!"...

איך נעם די גמרא אונטער דער האַנט און גיי אין חדר אַריין, ווי אַ ניי־געבאָרענער, מיט אַ ריין האַרץ, אַ גרינג האַרץ, מיט אַ לויטערן, קלאָרן קאָפּ, מיט נייע געדאַנקען, מיט פרישע, ערלעכע, פרומע געדאַנקען.

די זון קוקט אַראָפּ און גריסט צו מיר מיט אירע וואַרעמע שטראַלן. עס הייבט מיך, עס טראָגט מיך אין דער לופטן. עס ווילט זיך מיר לויפן, שפּרינגען, טאַנצן — אַך, ווי גוט, ווי זיס דאָס איז, אַז מע לעבט

און מען איז אַן ערלעכער, מען איז ניט קיין גנב, ניט קיין ליגנער!

איך קוועטש צו די גמרא צום האַרצן שטאַרק־שטאַרק. איך לויף אין חדר אַריין געשמאַק־געשמאַק, און איך שווער, אַז איך וועל קיין מאָל, קיין מאָל ניט פֿאַרטשעפּען קיין פֿרעמדס; קיין מאָל, קיין מאָל ניט גנבענען; קיין מאָל ניט לייקענען; שטענדיק זיין אַן ערלעכער, אַן ערלעכער, אַן ערלעכער...

## פאַרטײַטשונגען צו קאַפּיטל ו

**עגדישן** — יאַשטשערקעס, קריכיקע באַשעפענישן.

**אברים** (אײַװורים) — גלידער.

**מזל־טוב** (מאַזל־טאָװ) — די באַגריסונג בײַ יעדער גליקלעכער געשעעניש, דאָס צוואוינטשן גליק.

**קעכלט** — גיט גוט עסן, קאָכט ספּעציעל פֿאַר מיר, פֿאַרציט מיך.

**אָפּשפּרעכן, אָפּלעקן** דעם שטײן און אויסשפּײַען — דאָס זײַנען געװען מיטלען צו פֿאַרטרײַבן די װירקונג פֿון אַ בײז אויג.

**העליש פײַער** — אַ גרויס, שטאַרק פײַער, דאָס פײַער פֿון גיהנם.

**רוצח** (רויצייאַך) — מערדער.

**מלמד** (מעלאַמעד) — רבי.

**געגאָלטע מאָרדע** — געראַזירט פּנים, — Shaved chin

**אויסגעלאָזט** — צעלאָזן.



איך קוועטש די גמרא צום האַרצן שטאַרק־שטאַרק. איך לויף אין חדר אַריין געשמאַק־געשמאַק, און איך שווער, אַז איך וועל קיין מאָל, קיין מאָל ניט פאַרטשעפּען קיין פרעמדס.